דאוויד פליסקין

# די קינדערשע מעלוכע



דאָוויד פּליסקין

# א
# קינדערשע
# מעלוכע



אַרויסגעגעבן דורך די צוגאָב-שולן
ביי-דער געז. „פריינט פון אַרבעטער-קינד“
פּאַריז 1937

# אַ קינדערשע מעלוכע.

ווייסט איר גאָר וואָס, ליבע קינדער? —
זאָגט אונדז כאַווערטע מענוכע —
קינדער! — לאָמיר ווערן גרינדער
פון אַ קינדערשער מעלוכע.

אויפן פעלד, אין גראָז, אָט דאָ,
אויף די גרינע לאָנקעס פרייע;
זון איז דאָ, דער הימל — בלאָ
ס׳בלאָזט אַ ווינטל — אַ מעכייע.

מאַרגאַריטקעס און רומיאַנעק,
קאָרן-בלימלעך — פונדערוווייט.
קינדערלעך, עס איז אַ טייניג
צו פאַרברענגען דאָ די צייט.

זעצט זיך אַלע אוים צוזאַמען
אויפן גראָז, אין זונען-שיין.
צווישן הויכע בוימער-שטאַמען —
זאָגט, וואָס קען נאָך בעסער זיין?

דאָ איז גוט זיך צו פֿאַרבריינגען
און מיר מאַכן דאָ אַ היים.
בערל וועט די פֿאָן אויפֿהענגען
אויפֿן העכסטן שפּיץ פֿון בוים.

און דו, גיטל, וועסט אויסלייגן
טישטעכלעך פֿאַר יעדן גרייט.
ביילע מיט די שוואַרצע אויגן
וועט פֿאַר יעדן שניידן ברויט.

אויף די פֿעלדער, ליבע ־קינדער,
עסט מען גוט, מיט אַפּעטיט.
זאָגט נאָר קינדער, יונגע גרינדער,
ווענט איר מאַסקים אָדער ניט?

הילכן יונגע קינדער־שטימען
אַלע מיט אַן ענטפֿער: באַלד!
און די עכאָס זיך צעשווימען
אין דער לופֿט ווו, טיף אין וואַלד.

אַלע — פֿאַר און קיינער — קעגן,
אַלע דאַרפֿן זון און לופֿט.
אַלע גייען מיר אויף וועגן,
ווו דאָס יונגע לעבן רופֿט.

## וואָס מיר זיינגען, זיינגען מיר.

איינס, צוויי, דריי, פיר
וואָס מיר זיינגען, זיינגען מיר.
זיינגען מיר דאָך וואָס מיר זיינגען,
קליינע פונקען, וועלכע שיינען.
פונקען, גליענדיק צוזאַמען
ווערן שטענדיק גרויסע פלאַמען,
פלאַמען וועלן מיר פאַרבלייבן
יעדן כוישעך צו פאַרטרייבן.
איינס, צוויי, דריי, פיר
וואָס מיר זיינגען, זיינגען מיר.

איינס, צוויי, דריי, פיר
אָבער קינדער זיינגען מיר.
ווי די רינגען אין אַ קייט
אַלע קינדער פון דער נויט;
אָן אַ שוך און אָן אַ קלייד,
אָפט אויך — אָן אַ שטיקל ברויט.
ווען-מיר וועלן ווערן גרויס,
וועלן מיר אין קאַמף אַרויס.
איינס, צוויי, דריי, פיר
אָבער קינדער זיינגען מיר.

## גוטע קינדער.

גוטע קינדער הערן אוים,
וואָס טאַטע - מאַמע זאָגן.
וואַקסן אַלע שטאַרק און גרוים,
קענען וועלטן איבערטראָגן.

עסן טאָמיד צו דער צייט,
גייען פרי אין אָוונט שלאָפן
און זיי ווערן גרויסע לייט,
קעמפער, דענקער, פילאָזאָפן;

און זיי לערנען און פאַרשטייען,
און זיי פאָרשן און זיי פרעגן
און די אַלע קינדער גייען
אויפן שליאַך פון נייע וועגן.

## יידיש.

אלעף, בייס, גימל, דאלעד,
הערט, ווי שיין דער אלעף-בייס איז.
קינדער, מאכט דאָ ניט קיין סאלאד
פון דעם יידיש מיט פראנצויזיש.

יידיש דארף מען רעדן ריכטיק,
דעמאָלט וועט איר טאָן א פולע.
יידיש דארף זיין ריין און ציכטיק,
ווי א קינד, וואָס גייט אין שולע.

הערט דעם טאטן מיט דער מאמען,
הערט זיי רעדן יידן.
שטעלט די ווערטער גוט צוזאמען,
וועט איר קענען רעדן.

ריינעם יידיש זאָלט איר רעדן
און איר זאָלט אין זינען האבן
ווען איר הערט אין שטוב דעם זיידן
רעדן יידיש צו דער באָבען.

אייער שפּראַך דאַרף זיין אַ ריינע,
פרעמדע ווערטער נישט צו נעמען.
יידיש איז אַ שפּראַך אַ שיינע,
יידיש דאַרף זיך גאָרנישט שעמען.

# אַ געלע הון, אַ רויטער האָן.

אַ געלע הון, אַ רויטער האָן
זיצן אין אַ שטאַל אויף שטרוי.
זאָגט די הון דעם האָן אַזוי:
ווּעסט נישט האָבן וואָס צו טאָן!

די נאַכט איז לאַנג, און שוואַרץ, און קאַלט,
אַ כווישעך קריכט דורך יעדן שפּאַלט,
אינדרויסן ווינטן בייזע ווייען. —
ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן?
היינט, מיר דוכט, וועט שוין נישט טאָגן
און דו וועסט שוין היינט נישט קרייען.

— ליבע הון! — זאָגט שטאָלץ דער האָן —
נישט דייגע און נישט טראַכט,
יעדער מאָרגן, וואָס קומט אָן,
קעמפט מיט יעדער נאַכט.

דאַרפסט, מיין ליבע הון, נישט קלערן,
באַלד וועט קלאָר און ליכטיק ווערן! —
טרייסט דער האָן די הון.
במאָרעס נאַכטיקע פאַרגייען,
איך וועל ווידער הילכיק קרייען
און וועל ברענגען דאָ די זון.

# אַ רויטער האָן, אַ שוואַרצע קו.

אין אַ דאָרף, אין מאָרגן פרי
שטייט אַ שטאַל פון פערד און קי
און אין שטאַל — די הינער-שטייגן שטייען.
שטעלט זיך אויף אַ רויטער האָן,
און אַ האָן — וואָס קען ער טאָן? —
הויבט ער אָן צו קרייען.

הויבט זיך אויף אַ שוואַרצע קו
מיט אַן אויסגעצויגן מו,
רעוועט מיט אַ פעטן גוידער:
בוצפּעדיקער האָן, אַ דו!
דו קומסט שטערן אונזער רו,
טאָג פאַר טאָג קעסיידער.

מיט די פליגלען אויסגעשפּרייט
און דיין קאָם — צעפּאַכעט רויט,
ווי אַ רויט צעפלאַטערט פענדל;
קרייעסטו אויף יעדן ראָג,
וועקסטו די וועלט איעדן טאָג —
דו הינערשער מענאַכעם-מענדל.

— !קוקירעקיקו ! קוקירעקיקו
ענטפערט אָפּ דער האָן די קו
מיט אַ קריי פון שטייגן אַפן —
עד, בעהיימע, שוואַרצע דו,
פאַר דיין זעט און פאַר דיין רו
ווילסטו, אַז די וועלט זאָל שלאָפן?

— !קוקירעקיקו ! קוקירעקיקו
— !קיינער פאָלגט דער פעטער קו
קרייעט הויך פון ווייט דער האָן —
ווען שטראַלן ליכטיקע זיך וועבן,
מוז איך וועקן אונזער לעבן
פאַרן מאָרגן, וואָס קומט אָן.

# קאַמער, קאַמער, קאַמער־הויז.

קאמער, קאמער, קאמער-הויז
שפּילט אַ קאַץ זיך מיט אַ מויז.
לויפט די מויז אַדורכן טיר
און די קאַץ — זי שפּרינגט נאָך איר.

לויפט די מויז אויף גיך, מיט שרעק,
לויפט וואָס גיכער קען ניט זיין,
גיט זיך ערגעץ אַ פאַרשטעק,
קריכט ווו אין אַ לאָך אַריין.

שטייט די קאַץ און וואַרט און קוקט,
מיט די וואָנסעם אויפגעשטעלט
און די מויז — אין לאָך פאַררוקט,
לאַכט זי פון דער קאַץ און קוועלט.

גיט די קאַץ שוין בייז אַ קראַץ
מיט דער לאַפּקע אין דער לאָך.
זאָגט די מויז: דו נאַריש קאַץ,
שטיי און קראַץ אַ גאַנצע וואָך.

קראַץ אַביסל, קראַץ אַ סך,
איך בין זיכער און האָב רו.
דו ביסט שטאַרק און איך בין שוואַך —
ווייל איך לעבן, פּונקט ווי דו.

## פליט אַ קרוליק.

פליט אַ קרוליקל פאַרביי,
גיט אַ שפּרונג און פליט אַוועק,
ווי צעשטויבטער דינער בליי,
ליגן נעפּלן אויפן וועג.

פליען קראָען און זיי פּאַכען
גאַנצע מאַכנעס מיט געשריי, —
אין אַ מיטן אינדערוואַכן
איז אַ כאַסענע בײַ זיי.

פליען זיי אין רוים אין גרויען
און זיי קראַקען הויך פון אויבן,
ס'איז נאָוועמבער פאַר די קראָען,
מאַי איז פאַר די טויבן.

# אַ קרוליק און אַן אינדיק

אַ קרוליקל מיט שוואַרצע פלעקן,
שטיל אין גרויליכן באַגין,
הויבט זיך אָן פאַרטאָג צו וועקן,
קוקט מיט אויגן ווי בורשטין,

קוקט אין שטאַל אַזוי ווי שטענדיק,
שלאָפן פערד, עס שלאָפן קי,
און ער זעט נאָר בלויז אַן אינדיק,
שטייט און בלאָזט זיך אַזוי פרי.

פאָרט אויף פליגל ווי אויף רעדער,
אויפגעהויבן שטאָלץ דעם קאָפּ,
אויפגעבלאָזן יעדע פעדער,
באַמבעלט אויפן האַלז דער קראָפּ,

מיטן בלויען שנויץ ער בלאָזט זיך,
האַלדערט ער די גאַנצע צייט,
וואו מען וויל און וואו עס לאָזט זיך.
פליט אַ געשריי פון דער ווייט.

האָלדער, האָלדער! האָלדער, האָלדער,
האָלדערט ער אין דעם באַגין;
זאָגט דער קרוליק: אינדיק, מאָל דיר,
קיינער האָט דיך ניט אין זין.

## צוויי הינט.

זיצט אמאל מיין ליבער זיידע,
ביי א סייפער שטיל פארטראכט,
דורכן פענסטער שטראלן רויטע,
פאלן אויפן טיש פארנאכט.

זאגט דער זיידע: קום, מיין קינד,
ווילסט א מייסע הערן?
הער א מייסע. פון צוויי הינט,
ווי צוויי גרויסע בערן;

וואוינט א פארעץ אין א הויף,
לאזט דער פארעץ זיך שפאצירן,
יאגן זיינע הינט אין לויף,
אויף די וועגן אויסצושפירן.

אנהויב ווינטער, הארבסטיק קאלט —
גייט דער פארעץ אויפן יאגד,
ווי ער קומט נאר טיף אין וואלד —
האט ער גלייך א קויל געפאקט.

טיף אין וואַלד, צווישן שטאַמען,
פאַלט דער פאַרעך קאַלט פאַרשטיינט,
און ווי קינדער נאָך אַ מאַמען —
האָבן ביידע הינט געוויינט.

## אַז אַ הינטל איז באַליידיקט.

שפּילט אַ הונט זיך מיט אַ קעצל,
יאָגן זיך אין לויף און פאַל.
כאַפּט דער הונט אין מויל אַ קלעצל
און פאַרויס — עס שפּרינגט דאָס קעצל
און צעיאָגט זיך מיט אַ באַל.

הויבט זיך אויף אין גאַס אַ ווינטל
און דער דרויסן הויבט אָן קילן.
זאָגט דאָס קעצל צו דעם הינטל:
הינטל, קום אין שטוב זיך שפּילן!

איך האָב, הינטל, נישט קיין מוירע
איצטער זיך מיט דיר צו שפּילן.
און איך האַלט: עס איז קיין טוירע
אויסצוּלערנען זיך צו בילן.

ווערט דאָס הינטל שטאַרק באַליידיקט,
שטעלט זיך בילן, וואַיעט, קלאָגט
און ער יאָמערט „אַזש, צעוויייטיקט,
וואָס די קאַץ האָט אים געזאָגט.

קומט אָן בערל, קומט אָן זיסל,
מיט אַ טעלער, מיט אַ שיסל,
שטעלן עס פֿאַר זיי אַוועק.
הויבט דאָס קעצל אָן צו לעקן
און דאָס הינטל הויבט אָן שמעקן,
נאָר צו עסן — ניט קיין לעק.

קומט דער טאַטע, קומט די מאַמע
און דאָס שוועסטערל נעכאָמע —
קוקן אַלע מיט פֿאַרדראָס.
גלעטן צאַרט די שוואַרצע פּליאַמע
ביי דעם הינטל אויף דער נאָז.

אַז די שיסל — ניט גערירט
און דער טעלער — אויסגעליידיקט,
האָבן קינדער גלייך דערשפּירט,
אַז דאָס הינטל איז באַליידיקט.

## זומער.

אויף די פעלדער, אין דעם קאָרן
איז אַ ווינט אַדורכגעפאָרן —
דורכגעפאָרן אין דעם קאָרן
און געוואָרן באַלד פאַרלאָרן.
מיט אַ הוזשענדיקן ניגן —
אינם קאָרן־רויש צעשוומען.
פליט אַ בין און פרעגט אין זשומען:
ווו איז ווינט אַהינגעקומען?
ענטפערן די קאָרן־בלומען:
אויפן פעלד געבליבן ליגן!

אויף די ביימער פייגל זינגען,
פייגל זינגען, פייגל שפּרינגען.
און אין לופט — די שמעטערלינגען,
דרייען זיך אין רונדע רינגען;
פלאַטערן אין קרייזן ווייסע,
אַלע, אַלע, אויף די בלומען,
מיט אַ הוזשען, מיט אַ זשומען,
מיט די פליגעלעך צענומען.
זעצן זיך די שמעטערלינגען
און די בין דערציילט אַ מייסע:

אין די שטעט, נישט ווייט פונדאנען,
ווו מען פארט אהין מיט באנען,
זענען קינדערלעך פאראנען.
און די זון — זי האט פארשטאנען,
אז די קינדער דארפן ברויט,
און א בייזער ווינט, מיט צארן,
איז אריין דא אין דעם קארן
און דאס ברויט וואלט זיין פארלארן
און א הונגער וואלט געווארן —
קינדער וואלטןליידן נויט.

האט די זון געלאזן פאלן
גאנצע בינטן זונענשטראלן.
זענען שטראלן העל געפאלן
און דעם ווינט אין רויש באפאלן
און פאריאגט דעם ווינט צום טויט.
איצטער, אויף די פעלדער-ווייטן
וועט מען נעמען קארן שניידן
און א הונגער וועט אויסמיידן,
קינדער וועלן דאך ניט ליידן,
קינדער וועלן האבן-ברויט.

## ווינטער.

שנייען אין דער לופט זיך דרייען,
קאלטע ווינטן בלאזן.
א ווייסער היישעריק פון שנייען
האט זיך היינט אראפגעלאזן.

שנייען זילבערן און גלאנצן,
דעכער ווייסע — גליען.
ביימער שטייען ווים אינגאנצן,
ווי זיי וואלטן בליען.

קינדער לויפן פון דער שולע
אינם וועטער, דעם פארשנייטן,
כאפן שנייען הויפנס פולע,
ווארפן איינער אויפן צווייטן.

שטיפן, לאכן אלץ צוזאמען,
ווארפן באלן גיך, ווי ווינטן,
טרעפט עס אלטע,•גרויע דאמען
אין די מאנטלען — פונקט פון הינטן.

הויבן דאַמען אָן צו שרייען.
קינדער נעמען גיך אַפּציען.
פּרוווט נאָר אין אַ רוים, אַ פרייען
כאַפּן פייגל, ווען זיי פליען!

קינדער פליען — פייגל פרייען,
דאַמען טרייסלען אָפּ די זאַכן.
און ס׳איז פּאַשעט אַ מעכאַיע
הערן קינדער, ווי זיי לאַכן.

# האַרבסט.

טעג, זיי ווערן גרוי און בלאַסער,
ווינטלעך האַרבסטיק קילן.
פול אין גאָרטן, ביי דעם וואַסער,
קינדערלעך זיך שפּילן.

לאָזן שיפעלעך אַרונטער,
טרייבן זיי און יאָגן.
פון די ביימער בראָנז און צונטער
בלעטער אין דער לופט זיך טראָגן.

בעוורע טומלען, שפּרינגען, לויפן,
פויגל זינגען ווען ניט זוען איז
קינדער יאָגן זיך נאָך רייפן
און די יוגנט שפּילט אין טענים.

ס׳איז דער הימל בלוי און זויבער,
ערטערוויז — דאָך גרוי ווי בליי.
קינדערלעך, עס קומט אָקטאָבער,
ס׳גייט אַ שול-יאָר אויף דאָס ניי.

אוים וואקאנסן, פעלדער-שטרעקעס,
אוים דער וואלד און זונען-שיין.
איר וועט, קינדער, מיט די טעקעס
לויפן באלד אין שול - אריין.

הוליעט, שטיפער! טומלט, קינדער!
שטיפט און לאכט געזונטערהייט.
פארן לאנגן, גרויען ווינטער —
קינדער, נעמט זיך אָן מיט פרייד.

## פרילינג.

מיאַטלינקעס, זשוקעלעך, בינעלעך זשומען:
דער פרילינג, דער פרילינג — ער איז שוין געקומען.
לאַסטעטשקעס שפּרינגען אויף קנאָספּן, אויף צווייגן,
הויך אין דער לופט די בוציאַנען שוין שטייגן.
פון גאָלדענע, וואַרעמע וועלטן זיי קומען,
אין העל-קלאָרער לופט זייער פליגלען צענומען.

עס שפּראָצן אין וועלדעלעך בלעטעלעך פּרישינקע,
בלימלעך — צאַרט-ווייסינקע, פּאַזימקעס זיסינקע.
זיידענע גרעזעלעך, גרינגינקע, טוי׳איקע,
שפּראָצן קאַראַשקעלעך געלינקע, בלוי׳ינקע,
עפּענען מיילעכלעך שיקער באַטרונקען
און גלאַנצן און לייכטן, ווי גאָלדענע פונקען.

ווינטעלעך ווייען און צערטלען און גלעטן
און מורמלען און רופן און וועקן און בעטן.
עס שפּילן זיך קינדער אין גאַס און אויף הויפן
און וואַרפן די פּילקעס, און קייקלען די רייפן.
עס שטייען די ביימער, אין בליונג פאַרטראַכט
און מורמלען: דערוואַכט, דערוואַכט, דערוואַכט!

# פאַר אַ רעגן.

פענסטער בלענדן, ווי צעפלאַמט,
שטויבן הויבן זיך אויף וועגן,
פייגל באָדן זיך אין זאַמד, —
קינדער, עס וועט זיין אַ רעגן.

ווינטן וועלן נעמען בלאָזן;
לאָמיר קינדער גיין אַהיים.
מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזן
שטייט אין גאָרטן יעדער בוים.

קום שוין, פערל, קום שוין, פּאַיע!
לאָמיר לויפן אַלע גיך,
כ׳טראָג אַ קליידעלע אַ נייע,
און אויך, נייע, ווייסע שיך.

איך האָב מוירע, און איך ציטער,
איך וועל קומען אָפּגעצוואָגן,
„פּאָפּאַ ארבעט שווער און ביטער",
וועט די מאַמע באַלד מיר זאָגן.

ס׳וועדט שוין טונקעל גרוי דער הימעל,
כמארעס דעקן איין די ברעגן,
אויפגעשטעלט איז יעדעס בלימעל
און זיי ווארטן אויפן רעגן.

און מיר וועלן ווערן גאס.
„קינדער, לאמיר טאן א לויף״,
אלטע דאמען אויפן גאס,
הויבן שוין די שירעמס אויף.

# טריפּט אַ רעגנדל.

טריפּט אַ רעגנדל אַ דינער
ווי צעשטויבטער זילבער־שטויב.
אויף אַ לאַנקע אויף אַ גרינער,
גייט אַרום אַ ווייסע טויב.

גיי איך שטיל, מען דאַרף ניט לויפן
שטעל איך שטיל אַ יעדן טראַט,
קערענדלעך אַ גאַנצן הויפן
גיב איך אויפן פעלד אַ שאָט.

וואַרפט די טויב, די בלויע בליקן
קוקט אויף מיר מיט שרעק און כשאַד,
קומט צו נאָענט, הויבט אָן פּיקן
פּיקט זיך אָן די טויב צו זאַט.

קומט צו נאָענט גאָר אָן שרעק,
מיט איר דזשוביקל פּאַרוקט,
שטעלט זיך אויף מיין האַנט אַוועק,
קוקט אויף מיר און קוקט און קוקט.

שטייט זי אויף מיין אַקסל אויבן,
און זי וואָרקעט, ברומט צו מיר:
קינדער זענען דאָך ווי טויבן,
שרעק איך מיך נישט, קינד, פאַר דיר.

# די בין און די בלומען.

שטייט ביי אונדז א בינטל בלומען,
שוועבט אויף אים א ברוינער בין;
האלט ער שטענדיק אין איין זשומען
און ער טאנצט ארום אַן זין.

אין יעדן קנאָספּעלע באַזונדער
שטעלט ער זיך א דאָ און דאָרט,
ווי ביי אים וואָלט זיין א וווּנדער:
זעט, ווי קומט דאָ בלומען פאָרט?

— בלומען! — הוזשעט ער און שמעקט זיי —
בלומען ווי פון טוי דערוואַכט.
בלומען — זשומט דער בין און פרעגט זיי:
ווער האָט אייך אהערגעבראַכט?

רויטע בלומען, בלויע בלומען,
געלע בלומען, ווייס און ראָז.
זאָגט, ווי זענט איר דאָ געקומען,
אין דער שטוב אהער, אין גלאָז?

פאַנזעס בלויע, גלעקלעך גערע,
זאָגט, ווער האָט אייך אויסגעפליקט?
אויף די סאַמעט-פעטלעך העלע
ווערט מיין בינען-האַרץ דערקוויקט.

און מיר דאַכט זיך, אַז איך שוועב איצט
אויפן פעלד, אין בלומען-שטרויס.
איך פאַרגעס גאָר, אַז איך לעב איצט
דאָ אין שטאָט, אין ענגן הויז.

נעבן אייך וועל איך דאָ שוועבן,
פונקט ווי אויף די פעלדער גלייך.
לעבט איר, וועל איך מיט אייך לעבן,
שטאַרבט איר — שטאַרב איך אויך מיט אייך.

## דער שמעטערלינג און די בלומען.

שיינע רויטע פורפור - רויזן
וואַכט שוין אויף פון בלומען - שטרויס.
אויף די פעלדער, אין די גראָזן,
אין דעם מאָרגנס שטילן רויש.

הער איך שוין די פייגל זינגען,
פריילעך, מיט אַ שוויסטשעריי.
און אין לופט, די שמעטערלינגען
שוועבן שוין אין מאָרגן - פריי.

סטרעלקעס, בינען הושען, זשומען,
גלאַנצנדיק אין זון דערוואַכט.
נאָר איר רויטע פורפור - בלומען
האַלט די קנאָספן נאָך פאַרמאַכט.

און איר האַלט נאָך מיך געפאַנגען
אין אַ רויזן - קנאָספ פאַרשפאַרט,
ווען פאַרבענקט, אין קאָרן - זאַנגען
מיין געליבטע אויף מיר וואַרט.

טויען הויבן זיך צום הימל
און מיין ליבערס צאַר איז גרויס.
אויף אַ בלויער קאָרן-בלימל
ווײַנט זי אירע אויגן אויס.

מיין געליבטע טראַכט איצט איבער,
אַז איר ליבער איז שוין טויט.
און איך, שמעטערלינג, איר ליבער
ליג פאַרשפאַרט דאָ שטילערהייט.

און איך קען צו איר ניט קומען,
צו מיין מיאַטלינקע, צו איר.
אָ! איר רויטע פורפור-בלומען,
מאַכט די קנאָספּע פריי פאַר מיר.

מאַכט מיך פריי אין טוי אין ווייסן,
לאָזט מיך שוועבן אויפדאָסניי.
אַז ניט וועל איך דעם קנאָספּ אויפרייסן
און אַליין זיך מאַכן פריי!

# קלינגל, קלינגל.

קלינגל, קלינגל! קלינגל, קלינגל!
קלינגט ווו ערגעץ ווייט א גלעקל,
שטייט אין פעלד א קליינער יינגל,
קלינגט אין גלעקל, מיט א שטעקל.

שטייען מיידלעך, שטייען אינגלעך,
אין א רונדן קאראהאד,
איינגעקייטעלט ווי די רינגלעך,
איינגערינגעלט אין א ראד.

אויף די ביימער פייגל זינגען.
פאלן שטראלן, אויפן גראז.
ווען דאס גלעקל הויבט אן קלינגען,
גיבן קינדער זיך א לאז,

אין א טאנץ אין לופט צעבלאזן.
לאקן, קליידלעך טאנצן מיט,
גיט מען זיך א זעץ אויף גראזן —
ווי די בלומען העל צעבליט.

## זאָגט אַ סאָסנע.

זאָגט אַ סאָסנע הויך אַ שלאַנקע,
פאָכעט מורמלט מיט איר סכאָך:
ביימער, איר זייט אַלע קראַנקע,
און איר רעט ניט צו דער זאַך.

איר שטייט נאַקעט ווי סקעלעטן
פלאַפלט זיך די הערצער אויס,
אַלע ביימער אויף געוועטן,
רוף איך אייך אין פעלד אַרויס.

איך האָב נאָר אַ גרינעם קעפּעל,
און איר ביימער האַלט אין דאַרן
מאָרגן וואַקסט דאָ אויף מיר עפּל
און אויף אייך וועט וואַקסן באַרן.

בויגט זיך איין אַ הויכער אַלער
און ער נייגט זיך צו די סכאַכן,
ביימער זאָגט אַליין, ווי זאָל איך,
פון דעם לאַנגן דראַנג ניט לאַכן?

# שרייט אַ קראָ.

שרייט אַ קראָ אין לופט צעשפּרייט:
קראָ, קראָ, קראָ קראַ,
איך האָב זעער ליב דעם טויט,
איך האָב ליב אַ צייט אַזאַ.

איך האָב ליב די טעג פון כוישעך —
שרייט די קראָ און פליט פון אויבן,
ניט פאַר מיר איז פרילינג, ווייס איך,
פרילינג איז נאָר גוט פאַר טויבן.

קראָ, קראָ, שרייט די קראָ,
אויף די דאַרע ביימער-צווייגן,
איך האָב ליב נאָוועמבער גרוי,
ווען די פויגל אַלע שווייגן.

## אונזער שביינע — באָבע קריינע.

אונזער שביינע באָבע קריינע
קומט אריין צו אונדז גאַנץ אָפט.
קומט די באָבע, אונזער שביינע,
ווען דער טאַטע ליגט און שלאָפט.

ווען די מאַמע זיצט און נייט
און פאַרצערעוועט די זאַקן,
ווען אין גאַס די זון פאַרגייט —
שאָטנס פאַלן, ווי דערשראָקן.

זיצן אַלע מיר צוזאַמען.
פרעגט די מאַמע: ווילט איר טיי?
זאָגט די באָבע צו דער מאַמען:
ניין, אַ דאַנק, ס׳איז גוט אַזוי!

גיט די מאַמע טיי מיט קוכן.
קרעכצט די באָבע אַ מינוט,
נעמט דעם קוכן צו פאַרזוכן
און זי זאָגט: ס׳איז זייער גוט!

טרינקט די באָבע צוגעביסן,
קייט און סמאַטשקעט אָן אַ שיר.
מיט אַ שמייכל מיט אַ זיסן
זאָגט זי: שמוליק, קום צו מיר!

און פון גלאָז, עס גייט אַ פּאַרע,
קוקט די באָבע, ווי מיט טרערן
און מיט אירע פינגער דאַרע
נעמט זי גלעטן מיר דעם שטערן.

זאָגט זי: שמוליק, קליינער זשוליק! —
און זי האַלט דעם טיי אין שלינגען —
— אויב דו ווילסט, מיין ליבער שמוליק,
וועל איך דיר אַ לידל זינגען!

„ציגעלע, מיגעלע, קאַצינקע,
רויטע פּאַמעראַנצן —
לאַכט דער טאַטע צו דער מאַמען,
גייען די קינדערלעך טאַנצן"...

זאָג איך: גיט אַזעלכע לידער
קינדער ביי אונדז זינגען,
נאָר פון שניידער און פון שמידער
און פון האַמערס און פון רינגען.

בײַ אונדז זינגט מען לידער שײנע
פֿון אַ סאָכע און אַ שער,
אײער לידל, באָבע קרײנע,
זינגט מען שױן נישט מער . . .

# דער באָבעס טיינעס.

רעדט די באָבע מיט אַ ניגון,
ווייך איר קאָל, ווי דורכגעזוייקט —
לאַנג נאָך בערל, ווען ליגן,
דיינע ביכער אויסגעלייגט?

שטענדיק איז דער טיש פאַרנומען,
דו פאַרנעמסט דעם אויבנאָן.
כ׳קען אין ערגעץ ניט צוקומען,
כ׳קען אין שטוב קיין זאַך ניט טאָן.

זאָג איך: באָבע, ס׳איז אַ לעקציע,
וואָס איך לערן פאַר דער שול.
זאָגט די באָבע: לעקציע, שמעקציע,
מאַכסט מיך מיט די לעקציעס דול.

ווען עס איז געווען אַ כיידער
גאַנצע טעג אַוועק און — אויס.
איצטער לערנט איר קעסיידער,
וואַקסט נאָר גרויסע גאָיעם אויס.

זאָג איך, באָבע, ייד און גאָי
ס׳איז אַ כיליק דען ביי דיר?
רעד ניט באָבע אָט אַזוי —
אַלע זענען גלייך ביי מיר.

## דער זיידע

שאָטנס אויף די ווענט צעשפּרייטע,
יאָגן זיך און שפּילן.
אַ פאַרקלערטער זיצט דער זיידע,
ביי אַ סייפער אינדערשטילן.

פון דעם לאָמפּ די שטראַלן מאַטע,
פאַלן אויף די ווענט און טירן,
און די מאַמע און דער טאַטע,
זענען ווו אַוועק שפּאַצירן.

זיץ איך, לערן אָן שום ווילן,
אויף די אויפגאַבן צו קלערן,
איצטער קלער איך אינדערשטילן,
איז נאָר מיסעס גוט צו הערן.

גיי איך צו און פרעג דעם זיידן,
וואָס מיין טאַטע-מאַמע מיינען,
לאָזן אונז אין שטוב דאָביידן,
און ס'איז אומעטיק צום וויינען.

אין זיין באָרד די פינגער וועב׳ איך.
הייבט דער זיידע אָן צו לאַכן.
דיר איז אומעטיק אוי נעבעך —
קום איך וועל דיך פריילעך מאַכן.

קום אהער, מיין כאָכעם אטיק,
קום אהער מיין קלוגער קאָפּ,
ס׳גייט ניט טאָמיד אַזוי גלאַטיק,
ס׳גייט אַמאָל אויך בארג אַראָפּ.

ס׳לעבן גייט ניט ווי מען וויל,
ס׳פּלאַצט אַמאָל אויך דאָס געדולד,
ס׳לעבן איז קיין קינדער־שפּיל,
קום מיין קינד ס׳איז ניט דיין שולד.

רעדט דער זיידע שטיל צו זיך —
כ׳הער זיך איין אין יעדן וואָרט.
ס׳קייקלט זיך אַ טרער אויף גיך,
אַרונטער אויף זיין ווייסער באָרד.

רעדט דער זיידע האַלב פאַרקלערט
און קושט מיר אין די אויגן
פון זיין האַרץ האָב איך געהערט,
איז אַ זיפץ אַרויסגעפלויגן.

און ער נעמט מיך אויפן שויס,
כ׳שפּיר זיין באָרד די ווייסע,
און ער זאָגט: מיין קינד הער אויס,
הער מיין זון אַ מייסע.

אַמאָל איז געווען אַ מייסע,
אַ ציגעלע — אַ ווייסע,
אַ שעפּסעלע — אַ — רויטע,
און דו מיין זון אַ שויטע.

לאַך איך און דער זיידע אויך,
דער זיידע לאַכט מיט טרערן.
שטימען היימיש, שטיל און ווייך, —
טריט פון וויט זיך הערן.

קוקט דער זיידע, הערט מיסטאמע
ווער עס גייט דאָרט אויף די שטיגן;
קומט דער טאַטע, קומט די מאַמע
און דער זיידע ווערט אַנטשוויגן.

## לערן, קינד מיינס, לערן !

— לערנען קינדער און שטודירן,
לאָזן ניט קיין צייט פאַרשווינדן:
וועט זיי שוין דער סייכל פירן,
ווי אַ שטעקן פירט אַ בלינדן —

רעדט אַזוי צו מיר מיין פּאַפּאַ,
און די אויגן פול מיט גדולע,
ווען ער זעט איך מאַך אַ מאַפּע,
פאַרן לימוד אין דער שולע.

אויפן טיש — די העפטן ליגן,
אויבן ברענט דער לאָמפּ אַ העלער,
זינגט די מאַמע שטיל אַ ניגון,
און זי וואַשט אין קיך די טעלער.

און דער טאַטע רעדט אַלין ווייטער
פון קולטור און גרויסע מענער.
— איך בין זאָגט ער נאָר אַ שניידער,
און דערצו קיין גרויסער קענער.

נאָר איך זע דאָך אין מיין ראַיען:
אַ נייער ראָד איז אויף די אַקסן,
אַלטע דווירעס זיך באַפרייען —
נייע יונגע קויבעס וואַקסן!

און דער טאַטע נעמט מיך גלעטן:
— לערן קינד מיינס, לערן, לערן,
לערן זאָלסט מיין אָרט פאַרטרעטן,
זאָלסט אַ גוטער קעמפער ווערן!!

## כּאַווער בראָך.

---

אין אַ מיטן אינדערוואָכן —
אין אַ וואָכעדיקער וואָך,
קומט אַריין צו אונז דער שאָכן
אונזער שאָכן יוינע בראָך.

יוינע בראָך ער איז אַ כּאַווער,
אַרבעט ער אין אַ פאַבריק,
און זיין מויל איז פול מיט גאַווער,
ווען ער רעדט פון פאָליטיק.

זיינע אויגן בליצן פלאַמען
און זיין שטערן גלאַנצט דערשוויצט,
רעדט צום טאַטן, צו דער מאַמען
און ער ווערט אַזוי צעהיצט,

ווען ער רעדט פון שטרייקן, קאַמפן
שרייט ער דעמאָלט אַזוי הויך,
אַז איך מיין ער קריגט די קראַמפן
און עס טוט אים וויי דער בויך.

יעדערער דארף טאָן זיין כיילעק
פאר אַ קעמפנדיקן דאָר,
איך היט אָפּ געטריי און הייליק
די צוויי גרויסע טעג אין יאָר,

שטאַרק אזוי, ווי שטאָל געשמידט
טאָמיד אין פרינציפּ, געטריי,
האָב איך שטענדיק, אָפּגעהיט,
יאָם-קיפּער און דעם ערשטן מאַי.

ווען מיר בלייבן דריי צעזאַמען
נאָכן שאָכענס רייד דערנאָך
פרעגט דער טאַטע ביי דער מאַמען:
ווי געפעלט דיר כאַווער בראָך?

# מאַרשאַן ד׳אַבי.

—

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
וועד שרייט עס, טאַטע, אַזוי פרי
אַלע טאָג, די זעלבע צייט?
מיט אַן אַלט, פאַרזשאַווערט וועגל,
ווי אַ שיפל אָן אַ זעגל,
קומט ער אָן אין הויף און שרייט.

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ער איז אַ פרעמדער, ניט פון הי,
מאָגער, הייזעריק דערצו.
שטופט דאָס וועגעלע מיט שמאַטעס.
קען ער ניט ווי אַלע טאַטעס,
זוכן אַרבעט, פונקט ווי דו?

מאַרשאַן ד׳אַבי! מאַרשאַן ד׳אַבי!
ס׳איז, מיין זון, אַ שווערע מי,
ביסט מיין קינד, גערעכט.
ער קען אַרבעטן, ווי איך
פאַר דער וועלט און אויך פאַר זיך,
נאָר ער האָט קיין אַרבעטס-רעכט . . .

# מאַמע — עסן!

ווי אַ שטורעם דעם האַלז פאַרוואָרפן, ליידיק
שטייט די ניי־מאַשין,
קינדער מיט קודראַווע קעפּלעך זיצן דריי ביים
טיש, —
אַ מיידעלע, די עלטסטע, צייכנט אויף אַ טאָוועל
אוים אַ בין.
אַ מיידעלע, די יינגסטע, מאָלט אויף אַ העפט
אַ פיש.

און דער דריטער, אַ יונגאַטש, — אַ באָכער אַ
יאָר זיבן —
שרייט גאָר צו דער מאַמען: — מאַמע, איך —
וויל — עסן. —
די מאַמע האָט די וועש צום וואַשן נאָר־וואָס
אויסגעקליבן,
האָט זי אינם הונגער אויף אַ ווײַלע זיך פאַרגעסן.

גייט די מאַמע צו צום קינד און זאָגט אים: הער מײַן זון מיך אויס,

לײַדיק שטייט איצט די מאַשין, די פּרעס איז קאַלט, נישטאָ צום פּרעסן, —

דער טאַטע איז אַוועק ווו זוכן אַרבעט אין אַ הויז,

ווו זאָל איך, קינד מײַנס, נעמען אויף צום עסן?

דער טאַטע וועט מיט אַרבעט קומען, וועלן מיר — פּרעסן, וועלן מיר נייען,

די שער וועט שנײַדן, און די מאַשין וועט פליען ווי אויף פליגל;

וועל איך לויפן קויפן ברויט און קעז אַ פּערטל פֿאַר אײַך דרייען —

און אויך קאָנפיטור, מײַן זון, אַ פולן קריגל.

## אין הויף.

קום ראַכמילקע, נעם דיין פּילקע,
רוף די שוועסטער סאָרע, צילקע,
אַלע קומט אַרויס אין הויף.
נעם דעם עמער מיטן רייפּל,
און דעם גרויסן „טורעם" אייפּל
אויף מיין אויטאָ אַלץ אַרויף.

וואָרעם טוט זיך אָן מיט זאַכן,
גאָר אויף ווייטע, ברייטע שליאַכן
פאָרן מיר אַריין אין פּרעסט.
יאָ, אויף שליאַכן ווייטע, ברייטע,
נאָר אַ פאָן — אַ פאָן אַ רויטע,
קינדער אַלע, נישט פאַרגעסט.

קלינג איך אָן ביי אונזער שאָכן,
רוף איך מאָטלען, רוף איך בראָכען.
קלינג איך אָן ביי זיי אין הויז,
קלינגל קלינגל קלינגל - קלאַנג,
קלינג איך אָן און וואַרט ניט לאַנג,
מאָטל קומט אויף גיך אַרויס.

זאָג איך: מאַטל, קום אויף גיך,
נעם דיין אויטאָ באַלד מיט זיך,
און דיין קאַסקע אויפן קאָפּ,
לויפן מיר פון אַלע שטובן —
און מיר פייפן, און מיר טרובן —
אַלע אויפן הויף אַראָפּ.

מאַכן מיר אַ גרוים געשפּאַן,
ברעטער, אויטאָס, ווי אַ באַן,
און מיר פאָרן מיט אַמאָל
פאָרן מיר די גאַנצע צייט,
און מיר פאָרן אַזוי ווייט,
ביז מיר קומען צום נאָרד-פּאָל.

בערגער אייז און בערגער שניי,
זאַווייערוכעס — אַ זאַוויי,
ווינקען ווייטע קאַלטע שטערן.
קוויטשערייען, ברומערייען,
פּאַקעס ריטשען, פּאַקעס שרייען.
און עס קריכן ווייסע בערן.

פאָרן מיר אַרום אַ קרייז,
אין די בערג פון שניי און אייז.
קומען מיר פאַרמאַטערט אָן,
בערגער בלישטשען ווי קרישטאָל,
ביז מיר קומען צום נאָרד-פּאָל
און הענגען אויף אַ רויטע פאָן.

# ביסיקלעטן

דיין טאַטע איז אַ סויבער
האַנדלט מיט מאַשינעס,
איז דיין אויטאָ נײַ, אַ ווייכער
רעדער אויף שפּרונזשינעס.

און מיין טאַטע, אַרבעט`שפּעט,
אין סינדיקאַט אַ כאַווער,
איז דערפאַר מיין ביסיקלעט,
אַנאַלטער, פול מיט זשאַווער.

כאָטש איך האָב אַ ביסיקלעט
און דו אַ נייעם וואָגן,
רוף איך דיך אויף אַ געוועט —
איך וועל דיך איבעריאָגן.

כ׳האָב פון טאַטן דאָך געהערט
עס קומען נייע צייטן,
אַלץ אַט דאָ אויף אונזער ערד,
וועט זיך איבערבייטן.

עס קומען נייע יאָרן.
איך וועל זיך מיט דיר וועטן,
אַלע, אַלע, וועלן פאָרן,
נאָר אויף ביסיקלעטן.

# אין נאָוועמבער.

אין נאָוועמבער הימלען כמאַרע
ביימער נאַקעט אויפן פעלד,
פאָכן מיט די צווייגן דאַרע,
קוקן אויף דער גרויער וועלט.

מורמלען, שושקען שטיל די ביימער.
גיט אַ בוים אַזוי אַ זאָג:
— אַך, עס בענקט זיך דאָך אַזוי מיר,
נאָך אַ זומערדיקן טאָג.

איך געדענק דעם לעצטן זומער,
אַך: ווער קען עס גאָר פאַרגעסן,
אויפן פעלד אין גראָז אַרום מיר,
זיינען קינדערלעך געזעסן,

ס׳איז אַ פּיקניק דאַן געווען,
פאַר די אַלע שטיפער קליינע,
און אַ לערער האָט געלעזן,
פאַר די קינדער מייסעס שיינע.

— רופט זיך אָפּ אַ בוים אַ צוווייטער:
קלאָג ניט ברודער, מאַך קיין אייכאָ,
אויפן פעלד אין זון-פאַרשפּרייטער
אויף די גרינע גראָזן ווייכע,

וועט דער זומער שיינען ווידער,
שפּראָצן וועלן ווידער בלומען
מיט געזאַנגען און מיט לידער.
קינדער וועלן ווידער קומען.

# אויף פעלדער.

מען נעמט שוין פון פעלדער ארונטער דעם קארן,
עס ליגן די פעלדער שוין מיד אפגעשארן.
עס ליגן די פעלדער שוין מיד אפגעשארן,
און ס׳הענגען אויף ביימער געשטארבענע יארן.

און ס׳הענגען אויף ביימער געשטארבענע יארן.
און ס׳ווערן איןווארצלען איצט נייע געבארן;
פון פלאכן ווערט טאלן, פון בערגער ווערט גריבער
און אלץ ווערט געענדערט און אלץ טוישט זיך איבער.

א בעהיימע א שווארצע קען האבן א ווייסע.
דער טייך נאר — ער מורמלט די זעלביקע מייסע.
דער טייך נאר — ער פליסט אין די גראזן געדיכטע
און מורמלט, דערציילט אלין די אלטע געשיכטע:

אמאל איז געוועזן א פארעץ, א ריטער,
האט ער מיט בייטשן געשמיסן די שניטער.
זענען די שניטער געווארן געניטער,
און האבן פארברענט זיינע הייזער און גיטער.

# אַ פוסטע נעסט.

אויף אַ פעלד אַ טויב אַ ווייסע,
פּיקעט קערנדלעך און עסט
און דערציילט מיר אַזאַ מייסע
פון אַ שטילער טויבן-נעסט.

אויף אַ הויכן בוים פון אויבן,
זיצן ליבע טויבן צוויי,
און פון אויבן ביידע טויבן,
היטן אָפּ אַ טויבן-איי.

האָבן זיך צונויפגעקליבן
מאַכנעם קראָען מיט געשריי,
און די טויבן באַלד פאַרטריבן
אויפגעגעסן זייער איי.

קראָען קומען נאָר צו רויבן
קומען קראָען נאָר צו געסט.
פליען דאַן אוועק די טויבן
און עס בלייבט אַ פוסטע נעסט.

# אַ גרוס.

ציר, ציר, ציר! ציר, ציר, ציר!
רופט אַ פויגל אויף אַ צווייג.
יינגל, יינגל, קום צו מיר,
זעץ זיך אויפן גראָז און שווייג.

דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן,
טו נאָר וואָס איך הייס,
נאָר מיט קינדער קען איך טיילן —
מיינע סוידעס, וואָס איך ווייס,

פון אַ שטייג בין איך אַנטלאָפן
אינדערפרי אַרויסגעפלויגן.
קינדער זענען נאָך געשלאָפן,
מיט אַ כאָלעם אויף די אויגן,

און מיין הער. און מיין מאַדאַם,
זענען נאָך געווען אין בעט;
פון געשעפטן — מינהאַסטאַם,
אַזוי ווי טאָמיד נאָר גערעט.

אַלע זענען נאָך געשלאָפֿן —
שטייט מײַן שטייגל אויפֿן טיש,
ס'איז די דינסט אַרומגעלאָפֿן
אין איר האַנט — דער פֿלעדערוויש.

און זי האָט גענומען שטויבן
זאַכן, מאַנטלען, זײַדן-שטאָפֿן,
ווער האָט זיך געקענט גאָר גלייבן,
אַז מײַן שטײַג וועט בלײַבן אָפֿן?

איז די דינסט אַרויס פֿון הויז —
קויפֿן מילך אויף קאַווע,
בין איך גלײַך פֿון שטײַג אַרויס,
איינס און צוויי, קאַך האַווע. —

אָפֿן איז געווען די טיר,
און פֿון דרויסן ציט דער בלאָ,
ציר, ציר, ציר! ציר, ציר, ציר!
און אַרויס, איך בין ניטאָ.

ס'איז מיר נאָר אַ גרויסער שאָד,
די קינדערלעך די צוויי,
איך דערצייל דיר איצט אַ סאָד,
אַז ס'בענקט זיך מיר נאָך זיי,

זייער טאַטן, זייער מאַמען,
אַרט מיך ניט אין פעלד,
שטענדיק האָבן זיי צוזאַמען
נאָר געדערדט פון געלט.

ס׳אַרט מיך גאָרניט זייער טאַטן,
ניט זייַן בויך, און גראָבן קאַרק,
נאָכן הונט דעם קודלעוואַטן,
נאָך די קינדער בענק איך שטאַרק.

דאָ, אין פעלד, אָט דאָ אין טאָל,
בענק איך אָן אַ שיר;
אויב דו זעסט זיי ווען אַמאָל —
האַרציק גריס פון מיר.

# בייזע כוואַליעס.

פון דעם יאַם די שוימען ווייסע,
שוימען, מורמלען גאַנצע טעג.
און דערציילן אַזאַ מייסע,
אויפן זאַמד דעם שטילן ברעג.

ברענט די זון ביים ברעג און פלאַמט
אין אַ זומער-טאָג אַ העלן.
קינדער שפילן זיך אין זאַמד,
מאַכן טורעמס און טונעלן,

מאַכן טורעמס, מאַכן שטיגן,
זאַמד אין וואַסער איינגעווייקט.
אויפן ברעג די מענשן ליגן,
ווי די שעפסן אויסגעלייגט.

שווימט די יוגנט זון-צעשטראַלט,
שווימען, שטיפן, גאַנצע טעג,
ווערט אַ טומל, אַ געוואַלד,
דודערט אויף דער גאַנצער ברעג.

ביי דעם ברעג עס שטייט אַ סקאַליע,
ווען דער יאַם איז צוגעקומען
איז פון יאַם אַ גרויסע כוואַליע,
צו דער סקאַליע צוגעשוומען,

צוגעשוומען, צוגעקומען,
און אַ פּאַטש-געטאָן געשווינט,
צוגעקומען — אָפּגעשוומען,
און אַוועקגעכאַפּט אַ קינד.

לויפט די מאַמע פון דער ווייט,
ווי מעשוגע אויפן ברעג,
רייסט די האָר פון זיך און שרייט,
שרייט: מיין קינד איז שוין אַוועק.

שרייט, מיין קינד, מיין קליינער פּיער,
און איר פּאָנים איז אַזש בלאַ,
שרייט: מיין פּיער, ניטאָ שוין מער,
מיין קליינער פּיער איז שוין ניטאָ.

יאָגט אַ רעטונגס-שיף פאַרויס,
אינם יאַם, און יאָגט,
און דער יאַם איז ווילד און גרויס,
כוואַליע אויף אַ כוואַליע שלאָגט,

יאָגט די שיף פאָרויס און יאָגט,
כוואַליעס גיבן זיך אַ שפּאַר,
און ביים ברעג די מאַמע קלאָגט,
און גייט-אויס פאַר וויי, און צאַר.

בלויט דאָס וואַסער און עס גרינט,
כוואַליעס יאָגן, מער און מער,
זוכט אין וואַסער, פּרוּווט געפינט
שעפּט אַרויס פון יאָם אַ טרער.

און דער יאָם איז גרין און בלאָ,
און די ווייט איז יאָם און רוים.
און דאָס קינד ער איז ניטאָ . . .
ניט געפונען אַד-האַיאָם.

און פון דאַן — ביי אַלע יאַמען
מעג די היץ זיין ווי אַ פלאַם, —
אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען
גייען קינדער ניט צום יאָם.

# אין אַ קוילן־גרוב.

(אַ מייסעלע)

כ׳בעט אייך, קינדער, רויק הערט,
אויף די ערטער רויק בלייבן.
ס׳איז אַ מייסע, וואָס איז ווערט,
אַז מען זאָל עס אייך באַשרייבן:

ניט פון מייסעס אויסגעטראַכטע
וועל איך, קינדער, אייך דערציילן,
נאָר אַ מייסע פון אַ שאַכטע,
וווּ מען גראָבט אַרויס די קוילן.

וווּ מען גראָבט אַרויס די קוילן
אין די מינעס, טיף פון אונטן,
פירן נייסע, שוואַרצע היילן,
די טונעלן צו די גרונטן.

אַרבעטער פאַרציען קנויטן,
לייגן אונטער דינאַמיט.
פאַלן ווענט און שוואַרצע פלויטן —
בערג מיט גלאַנציקן גראַניט.

קוילן - גרעבער אין די מינען
אַרבעטן אין גרויס געפאַר.
טרעפט זיך: וואַסער הויבט אָן רינען
און אַ באַרג גיט זיך אַ שפּאַר.

צי אָן אויפרייס נ"ט געראָטן,
עס געלינגט ניט ווי אַ קנויט,
ווערט אַ גאַנצע שאַכט פאַרשאָטן,
טרעפן הונדערטער דעם טויט.

אויף די הויקערדיקע ווענט,
אינם כווישעך פון דער שאַכט,
יעדעס לעמפּל טונקל ברענט,
ווי אַ פונק אינמיטן נאַכט.

פירן אייזלען, פירן פערד
קוילן, אַנגעלייגט אויף וועגן.
גיט אַזוי אַרום די ערד
אַלע טאָג אַ גרויס פאַרמעגן.

שלעפּט אָן אייזל פול אַ וואָגן,
פּלוצלונג בלייבט דער אייזל שטיין,
העלפט קיין טרייבן, העלפט קיין שלאָגן,
ניין, דער אייזל וויל נישט גיין.

נעמט מען צאַרט דעם אייזל גלעטן,
בעט מען אים מיט גוטע רייד;
העלפט קיין גלעטן, העלפט קיין בעטן
און דער אייזל שטייט און שטייט.

שטייט פאַראַקשנט און געצילט,
קוקט אין שאַכט און שטומט.
עס ווייס אַן אייזל און ער פילט,
ווען אַ קאַטאַסטראָפע קומט.

פּלוצלונג, מיט אַן אימפּעט-לויף,
איז דער אייזל ווילד אַנטלאָפן.
הערט-זשע קינדער אויס דעם סאָף,
וואָס אין שאַכט האָט דאַן געטראָפן.

ס'איז די שאַכטע איינגעפאַלן
און מיט וואַסער באַלד פאַרשווומען.
צווישן קוילן, שטיינער, סקאַלעס
זענען מענטשן אומגעקומען.

פול מיט וואַסער אָנגעלאָפן
שטייט די מינע, אַ פאַרמאַכטע.
אזא מייסע האָט געטראָפן
מיט אַן אייזל אין אַ שאַכטע.

## קינדער־לאַנד.

(אַ באַלעס פון אַ יינגעלע)

זעצט זיך קינדער אַלע גלייך,
גענוג ארומגעלאָפן;
עס באָדט זיך שוין די זון אין טייך,
זי גייט זיך לייגן שלאָפן.

אויף פעלדער טשווירקעט אַ טשווירקון
און גרילצט פאַרנאַכט אין קאָרן;
אַט הויבט זיך אויף פון טייך די זון
און ווערט אין וואַלד פאַרלאָרן.

עס שטייט דער וואַלד אין ראָזן שיין —
די זון, זי שיינט אַנטקעגן.
עס שטראָמט דער טייך, ווי רויטער וויין,
מיט ביימער ביי די ברעגן.

עס טונקלט זיך די ווייט אין בלאָ,
אַ ווינטל הויבט אָן קילן.
קינדער, זעצט זיך אַלע דאָ —
מיר וועלן זיך דאָ שפּילן.

וואָס מיר טוען, הערט נאָר וואָס:
פון אַלעף - ביים מיר וועלן ציילן;
ווען מען ס׳פאַלט דער לעצטער אָס,
ווערט אַ מייסעלע דערציילן.

זאָגן קינדער: זייער פיין,
מיר וועלן טאַקע אַזוי טאָן!
אַלע קינדער שטימען איין
און די מייסע הויבט זיך אָן.

צינדן זיך ווי ערגעץ שטערן,
ליגט די ווייט אין נאַכט צעטיילט.
זיצן קינדער שטיל און הערן —
און אַ ייִנגעלע דערציילט.

הערן אַלע אויס, ווי איינער,
אינם אָוונט - שיין, וואָס פאַלט,
ווי אַ ייִנגעלע, אַ קליינער,
האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד.

זיצט דאָס קינד אין וואַלד אַליין,
אינם ווילדן וואַלד פאַרלאָזן;
ער פאַרגייט זיך פון געוויין,
ווערט אַנטשלאָפן אויף די גראָזן.

כאַלעמט זיך דעם קינד אַזוי:
אין אַ וואַלד, אינמיטן וועג,
לויפן ברוינע הירשן צוויי
און יאָגן זיך אין וואַלד אַוועק.

זיצט דאָס קינד אַליין און זיצט
און ער האָט שוין נישט קיין היים מער;
ווערט אַ שטורעם און עס בליצט,
בליצן פליען אויף די ביימער.

לויפן קרוליקלעך מיט שרעקן,
זוכן וווּ אַן אָרט, אַ היים.
וויעוויערקעס מיט ברוינע עקן
לויפן גיך אויף יעדן בוים.

שישקעס פאַלן אויף די וועגן,
ביימער וויגן זיך געשווינד.
און עס פאַלט אַראָפּ אַ רעגן
און אַ שטורעם און אַ ווינט.

פלוצלונג קריכט אַרויס אַ בער
מיט די לאַפּעס, גראָב און שווער,
קוקט אַהין און קוקט אַהער,
שמעקט און ניוכעט מער און מער.

חויבט דאָס ייִנגל אָן צו בליפֿן,
לויפֿן האָט ער ניט וווהין.
טרייסלען אים פֿון שרעק די ליפּן
און ער ווערט אַזש געל און גרין.

זיצט דאָס ייִנגל אינם רעגן,
פֿון די בליצן שטאַמען פֿלאַצן,
און דער בער, אין מיטן וועגן,
זעצט זיך גאָר אַנידער קראַצן.

קוקט דער בער אַרום און לויערט,
בלייבט פֿאַרווונדערט און דערשטוינט,
זעט: אַ ייִנגעלע, פֿאַרטרויערט,
זיצט אַליין אין וואַלד און וויינט.

ברומט דער בער צום קינד אַנטקעגן,
זאָגט צום ייִנגל: קום אַהער!
וויין ניט, ייִנגל, האָב קיין שרעקן
איך בין ניט קיין שלעכטער בער.

ברומט דער בער צום קינד פֿונוווייטן,
קראַצט דערווײַלע זיך אין סטאָן;
זעץ זיך אויף מיין רוקן רייטן
קינד, איך וועל דיר גאָרנישט טאָן.

ווערט דאָס יינגל מונטער, בראַווער,
קומט צום בער שוין גאָר אָן שרעק;
ווערט שוין מיטן בער אַ כאַווער,
היידאַ, און ער רייט אַוועק.

רייט דאָס יינגל, רייט און רייט,
רייט דורך גאַנצע נעכט און טעג.
רייט דאָס יינגל אַזוי ווייט,
ביז דער בער שטעלט זיך אַוועק.

ליגט אַ ברייטער, גרינער טאָל
אויף אַ הויכן באַרג — פון אויבן.
שטייט אַ טורעם פון קרישטאָל,
קינדער שמייכלען דורך די שויבן.

טייכן בלויע, ווייסע גענדז
שווימען אין אַ ווייסער ריי.
ביימער, ווי מיט גרינע פרענדז
וואַרפן שאָטנס שטיל אויף זיי.

ליגן פעלדער זוניק-העלע,
פליען רויטע שמעטערלינגען.
פייגל גרינע, בלויע, געלע —
אַלע אויף די ביימער זינגען.

און פון טורעם פון קרישטאל,
אלע קינדער, מיטאמאל,
אלע, לאכעדיקערהייט,
נעמען אויף דעם גאסט מיט פרייד.

— קום צו, יינגעלע, אהער,
דא, ביי אונדז, איז זעער פיין.
דו קענסט הייסן גיין דעם בער
און מיט אונדז דא וועסטו זיין.

— זעץ זיך, יינגעלע, דא רוען,
דא, אין שאטן פון א בוים,
וועסט דא זעען וואס מיר טוען,
דא איז אונדזער קינדער-היים.

וועסט דא עסן, וועסט דא טרינקען,
ווערן דא מיט אונדז באקאנט;
וועסט צוזאמען מיט אונדז זינגען
אונזער ליד פון „קינדער-לאנד".

אלע זינגען, טאנצן, שוועבן,
דא, ביי אונדז, איז א מעכאיע.
קינדער זיצן דא און וועבן
פאר דער וועלט אידייען נייע.

זיצן מיר דאָרט הויך אין טורעם
און מיר זעען זעער ווייט...
זעען מיר: עס קומט אַ שטורעם
און אַ שטורעמדיקע צייט.

זעען מיר דורך וואָלקנס שטראַלן,
אונזער בליק איז אויסגעפּרווט.
מען זאָגט: די אַלטע וועלט מוז פאַלן,
ווי אַ באַל, וואָס האָט קיין לופט

און אַ נייע וועלט, אַ פרייע,
אויפגאַנג פון אַ נייער צייט.
דאָ, ביי אונדז, איז אַ מעכאַיע
און מיר זעען זעער ווייט...

זאָגט דער בער צום קינד מיט פרייד:
— וועסט דאָ לעבן ווי אַ סראָרע.
זיי דאָ, קינד, געזונטערהייט
און איך גיי זיך אין מיין נאָרע.

רייבט דאָס יינגל אויס די אויגן,
זעט ער: שטיקלעך בלויען הימל;
ווי אַ שטראַל איז דורכגעפלויגן
דורך זיין קאָפּ אַ העלער דרימל.

און דאָס קינד איז אַלץ געזעסן
דאָרט אין וואַלד, אונטערן בוים.
וואַלט געזעסן נאָך מעסלעסן,
גאָר זיין מאַמע אינדעתיים,

איז פאַרוויינט אַרומגעלאָפן
און געזוכט איר זון מיט שרעק,
ביז זי האָט איר קינד געטראָפן
טיף אין וואַלד, אינמיטן וועג.

אויגן — רויטע, ווי אַ בלינדער
און פאַרטערטע פון געוויין.
און פון דעמאָלט גייען קינדער
קיינמאָל נישט אין וואַלד אַליין.

# אינהאַלט

Imp. Lantos Fres et Masson, 86, faug. St-Denis, Paris-X